מ. ריוועסמאַן.

# דער „זיידע“ די איינקלאַך

(20 קרילאָווס משאלים)

(БАСНИ КРЫЛОВА).

באַאַרבעט פאַר אידישע קינדער
פון 7—12 יאָר.

פאַרלאַג:

קאָמיסאַריאַט פאַר אידישע ענינים
אין פעטערבורג.

פעטערבורג.
דרוקעריי „טאָגבלאַט“ איזמאַילאָווסקי פּראָספּ. 18
1919.

פרייז 4 רוב. 50 ק.

מ. ריוועסמאַן

# דער „זיידע“די אייניקלאַך

(20 קרילאָווס משאלים)

(БАСНИ КРЫЛОВА).

באַארבעט פאַר אידישע קינדער פון 7—12 יאָר.



פ אַ ר ל אַ ג:

קאָמיסאַריאַט פאַר אידישע ענינים
אין פעטערבורג.

פעטערבורג.

דרוקעריי „טאָגבלאַט„ איזמאַילאָווסקי פר 18.

# עטלאַכע ווערטער צו מיינע כאַווײרים-לערער און צו די עלטערן *).

---

מיין בוך „דעם זיידענס משאָלים“, ווי אין דער ערשטער, אזוי אויך אין דער צווייטער אויסגאַבע, איז באַארבעט געוואָרן אַזוי, אַז נור דערוואַקסענע קענען אים גוט פאַרשטיין, ווייל עס געפינען זיך אין טעקסט אַ פולע העברייאישע אויסדריקן און ווערטער, וועלכע קליינע שול־קינדער קענען ניט פאַרשטיין. ווי אַ לערער, בין איך אָבער איבערציינגט, אַז דעם „זיידענס“ משאָלים זיינען אויף אזוי פיל שיין און אינטערעסאַנט און מאָראַליש נוצלאַך, אַז אויך קליינע שול־קינדער מוזן זיי וויסן אויף אויסווייניק. דעריבער האָב איך געמאַכט אַ פאַרזוך צו באַארבעטן איניקע משאָלים אויך פאַר קינדער. ס'פאַרשטייט זיך, אַז אויך די ניי באַארבעטע משאָלים נויטיקן זיך אין אַנ'ערקלערונג פון אַ לערער און פון אַ דערוואַקסענעם מענשן (אַ פאָטער, אַ מוטער). אָבער זיי זיינען אַ סאַך פאַרשטענדליכער, ווי יענע, וועלכע געפינען זיך אין דער ערשטער און צווייטער אויסגאַבן פון מיין דערמאָנטן בוך. איך וועל זיין גליקלאַך, אויב מיין אַרבעט וועט טאַקי זיין אַ מאַטאָנע פאַר אידישע קינדער און זעהר דאַנקבאַר יעדן לערער, וועלכער וועט אָנווייזן אַף די פעלערן, וואָס איך האָב געמאַכט אין דער נייער באַארבעטונג.

די כאַווײרים־לערער וועלן שוין אליין באַשטימען, וועלכע משאָלים זיינען פאַסנדער פאַר דער אָדער יענער גרופע קינדער.

דער מכאַבר.

---

*) די העבראַאישע ווערטער זיינען געשריבן לויט דער נייער אָרפאָגראַפיע.

דער מכאַבר.

# דער העלפאַנט און דאָס הינטעל
(СЛОН И МОСЬКА).

—

אַ העלפאַנט, גרויס, פונקט ווי אַ באַרג,
האָט מען אַ מאָל געפירט איבערן מאַרק,
און ס'האָבן אַלע זאַך געוואונדערט שטאַרק.
און מיט אַ מאָל האָט אים דערזען אַ הינטעל,
פליט, ווי אַ ווינטעל
און וואַרפט זאַך אויפן העלפאַנט, בילט
אָן אויפהער, ווילד.
„הער! — זאָגט אים אַ צויג אַ קלוגע, —
ביסט טאַקע גאָר משוגע
דו ביסט שוין הייזעריק געוואָרן,
געזונט פאַרלאָרן...
מיינסט טאַקע, אַז דו וואַרפסט אויף אים אַ שרעק —
דו זע, ער גייט זאַך אָבער רוהיק זיין וועג...״
— הערט — מאַכט דער הינטעל — דאָס איז טאַקע גוט,
דאָס גיט מיר מוט:
זיי זיכער, אַ צונד, וועלן שרייען אַלע הינט:
„ער איז טאַקע אַ העלד,
גאָר איינער אויף דער וועלט!
איר זעט דאָך, וואָס ער קאָן:
ער הויבט זאַך מיט אַ העלפאַנט אָן!״

* * *

# די זשאַבע און דער אָקס

(ЛЯГУШКА И ВОЛ).

---

אַ זשאַבע, ווי ס׳ווייזט אויס, אַ נאַר,
האָט נאָהענט בּאַ דעם טייך דערזען אַנ׳אָקס, אַ גוואַר,
און ס׳האָט זאַך איר פאַרוואָלט דורכאויס,
פונקט, ווי דער אָקס, זיין גרויס.
זי שפּרינגט אַרויס פון טייכל.
בּלאָזט אָן דעם בּייכל,
דערזעט אַ כאַווערטע און פרעגט:
„וואָס זאָגסטו, שוועסטערל, עס קלעקט?"
מיר דוכט זאַך, כבּין
שוין מער ניט אַזוי דין?
די כאַווערטע זאָגט אָבּער: „ניין!
בּיסט, שוועסטערל, נאָך זייער קליין"...
— שווייג, שוועסטערל-לעבּ, לאָז,
אָט גיבּ איך זאַך אַ פיינעם בּלאָז.
נו, קוק, נאָר גיבּ ניט קיין איינהאָרע...
וואָס זאָגסטו איצט?
— די זעלבּע צאָרע!
מיין זשאַבּעלע, פאַרשטייט איר,
איז ניט געוואָרן בּרייטער,
און בּלאָזנדיק זאַך, האָט מיין פּיק-כאַכאָמע
אַרויסגעבּלאָזן די נשאָמע.

# דער מענש און דער בער

(ПУСТЫННИК И МЕДВЕДЬ).

---

אַ מאָל האָט זאַך געלעבט אַליין,
אַ מענש, פאַרוואָרפן, עלנד, ווי אַ שטיין.
ער האָט
געוואוינט העט־וויט הינטרן שטאָט,
פלעגט גאָט טאָג־טעגלאַך בענשן
און וייכן מורעדיק פון מענשן.
מען זאָגט, אַז לעבן אַלע מאָל אַליין
איז אַנגענעם און שיין,
ס'איז טאַקע אַ גאַניידן,
מען דאַרף ניט האַנדלען און ניט ריידן,
מען קאָן שפּאַצירן איבער וועלדער
און פעלדער.
ס'איז שטיל,
מ'טוט זאַך, וואָס מען וויל,
נאָר ס'ווערט דערעסן,
אַפילו „קרעפּלאַך עסן".
געפינט מען זאַך דעריבער ניט קיין אָרט,
אַז ס'איז ניטאָ מיט וועמען אויסריידן אַ וואָרט.
אַצונדער
איז גאָר שוין ניט קיין וואונדער,
וואָס ס'איז דעם וואַלד־מענשן צו מוט
געוואָרן גאָר ניט גוט,
אין ער האָט זאַך געלאָזט אין וואַלד שפּאַצירן,
אום אַ באַקאַנטשאַפט צו פאַרפירן.
היינט זאָגט, מיט וועמען

קאָן מען
אין וואַלד אַ כאַווער ווערן?
נור מיט אַ וואָלף, צי מיט אַ בערן...
און ס'האָט
אים טאַקע צוגעשיקט דער גרויסער גאָט
אַ בער אין וואַלד,
אַ כייע, גאָר אַ גוואַלד.
מיין וואַלד־מענש האָט איין מיטל:
ער נעמט אַראָפּ די היטל.
דער בער, פּונקט עפּעס, ווי אַ כאָלעם,
גיט אים אָפּ „שאָלעם!"
אַ וואָרט, ווי ס'פּירט זאַך, פאַר אַ וואָרט,
זיי ווערן שוין באַקאַנט,
און גייען שוין באַנאַנד,
פאַרשטייט זאַך, ווי ס'ווייזט אויס, פאָרט,
דער וואַלד־מענש שיינט:
ער האָט אַ פריינד.
מיין בער, ס'פאַרשטייט זאַך,
לויפט אויך און פרייט זאַך.
איינמאָל פאַרגלוסט זאַך זיי פאַרברייננגען גוט די צייט
און מאַכן אַ שפּאַציר ווייט־ווייט.
אַ סאָף, אַנ'עק —
געזאָגט — און באַלד טאַקע אַוועק.
זיי גייען פריילאַך
און טאַקע ניט פּאַמעלאַך.
אַ טאָג אַ שיינער,
עס שטערט ניט קיינער.
די גרינע בוימער
(ס'איז גראָד געווען ל"ג בעומר)
דערציילען מייסעס, רוישן שטיל,
ס'איז אַ מכאַיע קיל.

די פויגלען זינגען הויך א ניגן. —
— אַ פאַרגעניגן.
אַ בער, ווייס יעדער, בלייבט אַ בער:
אים גיין איז גאָר ניט שווער,
דער וואלד־מענש אָבער קאָן שוין מער ניט גיין
און כאַפּט אָפּשטיין,
דער בער האָט עס דערזען
און זאָגט: „מיין ליבער פריינט,
מיר שיינט,
דו ביסט שוין מער ניט מונטער,
הינקסט אונטער.
הער, ברודער, דו,
זעץ זאַך אַ ווילע צו,
און אויב דו ווילסט אַברעמיל,
טאָ כאַפּ טאַקע אַ דרעמל.
און איך, דו מאָגסט שוין רוהיק זיין
וועל היטן דיך גאַנץ פיין.” —
מיין וואַלד־מענש לאָזט זאַך גאָר ניט בעטן לאַנג
(אַ קליינינקייט, געמאַכט אַזאַ מין גאַנג!)
ער ציט זאַך אויסעט אַפן גראָז
און הויבט אָן פייפן מיטן נאָז.
רעב בערל היט מיט 'כיישעק
און ס'שיקט אים צו דער אויבערשטער אַנ'אייסעק:
ער גיט אַ בליק
און זעט, אַ פליג
זיצט אַף זיין כאַווערס קאָפּ.
ער טרייבט איר באַלד אַראָפּ.
זי איז אָבער אַ גיכע
און זעצט זאַך אַפן נאָז.
(געהערט אַזאַ רציכע!)
רעב בערל ווערט אין קאַעס.

גאָר אָן אַ שפּאַס:
ער טרייבּט זי אַלין אַוועק,
און זי איז, ווי אַ קלעק.
מיין בּער
גיט זאַך אַ קלער,
רעדט ניט קיין וואָרט,
און הויבּט זאַך אויף פון אָרט:
לאָזט זאַך אַ בּיסל ווייטער גיין
און קומט צוריק אין גיכן מיט אַ שטיין
אַזוי
אַ פּוד צוויי.
זעצט זאַך אַוועק און וואַרט מיט גליק
אַף די פליג.
זיצט שטיל, האַלט דעם אָטעם איין
און קלערט זאַך: „גאַנץ פיין,
וועסט בּאַלד שוין זען,
וואָס איך קען!”...
די פליג, פּונקט טאַקע, ווי זי וואָלט עס הערן,
זעצט זאַך בּאַם מענשן אויפן שטערן.
מיין בּער הויבּט אויף דעם שטיין דעם שווערן
און... טראַך!!... צוזעצט זיין ליבּן פריינט דעם שאַרבּן,
און יענער האָט זאַך אַ גרינג שטאַרבּן.



# טרייטעלס פיש-יויך

(ДЕМЬЯНОВА УХА).

— איך בעט דיך, ברודערל, ביס עפּיס צו!
— כ'בין זייער זאַט, האָלוויי, ביז מיין ענד לעבן.
— עט, ברודערל, לאָז מיך צורוה —
כ'לעבן,
וואָס טויג דיר מייסעלאַך דערציילן
און יעדע לעפּעלע צו ציילן?
עס, ברודערל, ווי ס'דאַרף זיין, מיט אַ גרונט
און זאָל דיר זיין אַלין צו געזונט.
אַלץ הייסט אַ יויך — אַ פּעטער און אַ הייסער,
ס'מעג עסן דער קייסער.
אַ יויך אַ גאָלדענער, ס'איז טאַקע אַ מכייע!
וואָס שווייגסטו? שטעל קיבעד, יענטע-בייע!
אַ שטיקעלע געפּילטע העכט,
גאָר ניט שלעכט,
אַ שלייענדל, אַ פּיש אַ גרינגער,
ווערסט לעקן, זאָג איך דיר, די פינגער...
אַ פלאָטקעלע — ס'צוגייט זאַך אַפן גומען...
נו, עס און זאָל דיר וואויל באַקומען".
אַזוי האָט געטראַקטירט ר' טרייטל
זיין שאָכן, פייטלען,
געבעטן אים שטאַרק,
געשטאַנען אַפן קאַרק,
געבעטן אָן אַנ'עק,
ווי ס'גיט זאַך איין — אַ קלעק.
פייטלען איז שוין הייס,

עס גיסט פון אים אַ שוויס,
נאָר מיט דעם לעצטן קויעך
עסט פייטל, נעבאַך, נאָך אַ טעלער יויך,
„דערפאַר, מיין גאָלד,
האָב איך דיך האָלט!
כ׳האָב פיינט, אַז יענער לאָזט זאַך בעטן
שטאַרק איינריידן און גלעטן.
נו, ברודערל, טאָ זיי זשע מיר אַ מענש
נעם נאָך אַ טעלערל און בענש!
ר׳ פייטל אַף יויך אַ באַלן,
זעט אָבער, אַז ער ווערט פאַרפאַלן
און כאַפט אין היילע שרעקן
זיין היטל מיט זיין שטעקן,
לאָזט זאַך לויפן גיך,
ווי אָן זין,
מיט האַסט
און שווערט באַ טרייטלען מער ניט זיין קיין גאַסט.



# די קראָע און דער פוקס

(ВОРОНА И ЛИСИЦА).

א קראָע האָט געשען אַ נעם:
גאָט האָט איר צוגעשיקט אַ שטיקל קעז.
מיין קראָע
וויל האָבן האַנאָע.
זי זעצט זאַך אַף אַ בוים און וויל
אַ בראָכע מאַכן מיט געפיל,
נאָר כ׳וויים שוין ניט פאַרוואָס,
פאַרגייסט זי מיט אַ מאָל דעם נאָז,
פאַרקלערט זאַך אַף אַ ווײַלע.
דערווײַלע
באַווייזט אַ פוקסל זאַך אין וואלד
און באַלד
דערהערט ער פונ׳ם קעז דעם רויאַך דעם זיסן
און וויל אַרויסנאַרן דעם ביסן.
ער שטעלט זאַך אָפּ,
הויבט אויף דעם קאָפּ,
דרייט מיטן עק,
פאַרטאָן אַ שרעק
און זאָגט מיט גרויס געפיל
און זייער שטיל:
„מיין האַרץ, מיין קרוין,
ווי דו ביסט שיין!
אַזאַ העלזל, אַזאַ אויגעלע
איז גאָר ניטאָ דאָ ביי קיין פויגעלע,
אַ פעדערל, אַ שנעבל אַנ׳אַנטיק —

זאָל זיין מיט גליק.
געווים
איז אויך דיין קעלכל זיס.
ניט לאָז מיך וואַרטן לאַנג,
הויב אָן דיין טייערן געזאַנג!״
די קראָע די קלוגע
ווערט גאָר משוגע.
איר הערצל קלאַפּט,
דער אָטעם ווערט בײַ איר פֿאַרכאַפּט,
ס׳פֿאַרדרייט זאַך איר דער קאָפּ
זי הוסט זאַך אָפּ
און טאַקע באַלד
הילכט איר ,,קראַ־קראַ״ איבערן גאַנצן וואַלד.
די קעז, ס׳פֿאַרשטייט זאַך, פֿאַלט אַראָפּ
דער פֿוקס ,,האַם־האַם!״ און ציט אָפּ.



# דער קוקוק און דער האָן
(КУКУШКА И ПЕТУХ).

— אַי, הענדלע, האָסטו אַ קיילע,
אַ הילכיגע אַ וואוילע!
— און דו, קוקוק, זינגסט שיין, אַ גוואַלד!
אַזאַ מין זינגערקע איז גאָר ניטאָ אין וואַלד.
— דיך, הענדל, וואָלט איך גערן
פון טאָג ביז שפּעט בּאַ נאַכט אַלין הערן...
— און דיין שיינעם ניגן
הער איך מיט פאַרגעניגען,
און אַז דו ווערסט אַנטשוויגן,
קען איך דיר שווערן,
אַז ס'ווילט זאַך ווידער הערן.
אַ קעלכל הילכיג, קלאָר,
מיר אַזאַ יאָר.
דו זינגסט אַזוי,
ווי אַ סאָלאָוויי...
— אַ גרויסן דאַנק! דו מעגסט מיר גלויבּן,
אַז דיך, הענדל, טוען לויבּן
אי בּייעס, אי די גרעסטע מענשן.
מען קען מיט אייך זאַך בּענשן.
— איך זע, איר האָט האַנאָע —
זאָגט זיי אַ קראָע —
פון אייער ריידן, לויבּן....
ס'וועט אָבער אייך קיינער ניט גלויבּן...
פאַרוואָס לויבּט דער קוקוק דעם הענדל אַזוי הויך
פאַר דאָס, וואָס יענער לויבּט אים אויך....

# די זומער-פויגעלע און די מוראַשקע
(СТРЕКОЗА И МУРАВЕЙ).

---

אַ זומער־פויגעלע האָט זומער,
געלעבט זאַך גאָר אָן קומער,
געזונגען פריילאַך, מונטער
און האָט פאַרגעסן אָן דעם ווינטער.
און פלוצלונג, אַי, אַ גוואַלד! —
ס'איז זייער קאַלט,
געוואָרן
אַלין אַף די פעלדער אויסגעפראָרן.
אַ מאָל פלעגט זי טאָג-טעגלאַך צו די בלומען
צו־גאַסט קומען,
געהאַט באַ זיי אַ נעסט,
געזעסן אַף די פעטע קעסט
און איצט — ניטאָ קיין עסן אַף די פעלדער
און אין די וועלדער
זי פליט צו דער מוראַשקע, קלאָגט
און זאָגט:
,,ביז זומער גיב אַ דירע מיר און עסן!
כ'וועל קיין מאָל דיר די טייווע ניט פאַרגעסן!
— זאָג, שוועסטערל, — גיט יענע איר אַ פרעג —
האָסטו געהאָרעוועט באָטש אין די גוטע טעג?
— וואָס רעדסטו? ווער האָט דאָס פון דעם געטראַכט?
כ'האָב אַלין געזונגען און געלאַכט...
— הייסט עס, האָסטו...
אַ זומער אָפּגעשפּילט אַ גאַנצן!
— נו, אויב אַזוי, טאָ גיי איצט טאַנצן!

# דער שפּיגעל און די מאַלפּע

(ЗЕРКАЛО И ОБЕЗЬЯНА).

---

אַ מאַלפּע האָט דערזען אין שפּיגעלע איר פּאָנים
און זאָגט צום בער: „אָ, ווי צו מיינע סאָנאים
רעב בערל, זייט מיר אַזוי גוט
און טוט
אַ קוק אַף דער פּאַסקודנער בריע!
איר האָט, דוכט מיר, אַ גוטע ריע,
אַי, זעט אַ מויל,
ס'פּאַלט אָן אַ גרויל...
וואָס זאָגט איר, פּעטערל, צו דער האַוויע
פון דער מיעסער כאַיע?
כ'וואָלט עפּשער, שווער איך איך, שוין מאָרגן
זאַך באַלד דערוואָרגן,
ווען איך אַליין
וואָלט אויך געוועזן אַזוי שיין...
איך גיב איך, פּעטערל, מיין האַנט,
אַז כ'האָב אין אונזער קאַנט
אַזוינע געזען
אַ שטיקלאַך צען.
— וואָס דאַרפט איר זאַך אַזוי פיל קלעמען,
מיט זיי זאַך שעמען?
גיט בעסער גוט אַ קוק
אַף אייער שנעק!
די מאַלפּע הערט רעב בערלס אייצע
און יוויצע.

# צוויי קיילים
(ДВЕ БОЧКИ).

---

פאַרבּיי אַנ'איילעם
האָט מען געפירט צוויי קיילים.
און איינע
אַ קיילע גראָד אַ קליינע
האָט אָן אַ סאָף געטראַסקעט מיט אַ קויעך.
פאַרדולט אַ מויעך.
די צווייטע,
אַ גרויסע און אַ ברייטע,
איז ניט געוועזן אַזוי פריילאַך
געפירט זאַך גאָר פּאַמעלאַך.
די ערשטע האָט געקענט אי טראַסקענען, אי טאַנצן,
ווייל פּוסט איז זי געווען אין גאַנצן.
די צווייטע,
די גרויסע און די ברייטע,
איז זאַך געלעגן פיין
ווייל זי איז פול געווען מיט וויין.

---

דער נאַר קריכט אויבן־אָן,
שרייט, ווי אַ האָן.
דער קלוגער זיצט זאַך שטיל,
רעדט ווייניק, אָבער אַרבעט פיל.



# דער נייגעריקער

(ЛЮБОПЫТНЫЙ).

---

-- גוט מאָרגן! וואו ביסטו פארפאַלן?
-- איך בין געווען אַ פאַלן (פעלן)
אין מוזיי *) צו גיין.
נו, האָב איך זאַך דאָרט, ברודער, אָנגעזען!
דריי שאָ אַפן זייגער
האָב איך פאַרבראַכט, אַ שטייגער.
משוגע קען מען ווערן.
פון דעם, וואָס די נאַטור קען זאַך אָפקלערן...
איך האָב געזען דאָרטן
אי פויגעלאַך, אי כייעס;
אַי, וועלכע פויגעלאַך
און שייגינקע פליגעלאַך,
און ציגעלאַך-מיגעלאַך,
גאָר מאָנצינקע, ווי קערנדלאַך,
און שלענגעלאַך, ווערימלאַך...
עס בלישצן איינע, גיב איך דיר מיין האַנט,
ווי אַ בריליאַנט,
און ס'זיינען אַנדערע גאָר וואונדער-שיין
און ווי אַ'שפילקע-קעפל קליין...

---

*) מוזיי — דאָס איז אזא אָרט, וואו עס געפינען זאַך אַלערליי זעלטענע זאכן: כאַיעס, פויגלען, בילדער, פלאַנצן א. אַז. וו.

— דעם העלפֿאַנט האָסטו דאָרט געזען,

ווי גרויס, ווי שטאַרק....

האָסט ניט געמיינט, אַז ס׳שטייט אַ הויכער באַרג?

— ער איז דען דאָרטן?

— הערסט, איך מיין!

דעם העלפֿאַנט, ברודער, האָב איך גראָד דאָרט ניט געזען!



# דער וואָלף און די קאַץ

(ВОЛК И КОТ).

א וואָלף האָט זאַך געטאָן א וואָרף
אין דאָרף.
עס האָבן אים פון זיין געלעגער
אַרויסגעטריבן בייזע יעגער.
די מייסע איז געשען פאַרנאַכט,
ווען טיר און טויער—אַלין געווען פאַרמאַכט
ער לויפט און פילט, אַז ס'דונערט איבער אים און ס'בליצט.
און מיט אַ מאָל דערזעט ער, אַף אַ פאַרקאַן זיצט
אַ קאַץ, און שטיל
זינגט זי אַ לידל מיט געפיל.
רעב וועלוועלע, פון שרעקן שוואַרץ,
זאָגט צו דער קאַץ: „מיין קריין, מיין האַרץ,
צי קענסטו ניט אַ גוטן פויער,
וואָס זאָל מיר עפענען אַ טויער?
— רעב כאַצקעלע וואוינט דאָ ניט וויט —
דאָס איז אַ איד, אַ זייד!
— פאַרשטייסטו, מיט אַ וואָך צוריק
האָב איך בא אים פאַרכאַפט אַ ציג.
— נו, אויב אַזוי — זאָגט אים די קעצל —
וואוינט גלייך אַנטקעגן אים רעב געצל.
— עט, לאָז מיך, שוועסטערל, צורוה!
רעב געצל מאָנט בא מיר אַ קוה.
— טאָ ווייסט איר וואָס, רעב וועלוול?
באַלד לינקס אין געסל וואוינט רעב זעלוול:

אַ איד אַ פרומער און אַ גוטער,
אַ האַרץ, איך שווער אייך, ווייך, ווי פוטער.
— רעב זעלוול טאָר פון מיר ניט וויסן:
כ'האָב מיט אַ שעפּסלע בּאַ אים פאַרביסן...
— נו, אויב אַזוי, טאָרט איר אַף גוטס אין אונזער דאָרף ניט האָפן,
ווייל, ווי מ'בעט זאַך אויס, אַזוי קומט אויס צו שלאָפן...



# צווײ ייִדער-אינגלאַך

(ДВА МАЛЬЧИКА).

— ווייסטו וואָס, כ׳וועל זאָגן, שמערקע? איידער
מ׳וועט אַ טרייב טאָן ווידער אונז אין כיידער,
וואָלט זיין ניט שלעכט, מיר זאָלן באַלד
אַוועקלויפן נאָך ניס אין וואַלד.
נו, ברודער, שטעל נור פיס!
— נײן, בערקע, ניט פאַר אונז איז יענע ניס...
די בוימער זיינען הויך, ווי „עוג־מלך־הבשן״.
שוין בעסער קויפן פאַר אַ צוויי־דריי גראָשן.
— ביסט גאָר אַ נאַר, דו זיי מיר מויכל.
מען דאַרף צו אַלין אַ ביסל שייכל
דו, שמערקעלע, זיי קלוג,
העלף מיר זאַך זעצן אַפן ערשטן סוק,
און איך וועל שוין אין גיכן
גלויב, וויטער ווי עס איז דערקריכן.
און אונזערע כאַווירים שטעלן פיס,
היידאַ — נאָך ניס.
מיין בערקע העלפט זיין כאַווער מיט אַ גרונט.
ווערט אָן זיין געזונט
און שוויצט,
און גאָט צו דאַנקן! שמערקע זיצט
הויך אַפן בוים און רייסט,
און קנאַקט, און בייסט.
אַנ׳אמת׳ער גאַניידן.
און בערקע ווארט אַף גרויסע גליקן.

אים ווילט זאַך מיט אַ ניסעלע דערקוויקן,
גּעשמאַקע נים, אַ גרויל,
עס לויפן סלינקעס נעבאַך אים פון מויל,
נאָר שמערקע האָט אַליין געגעסן,
אָן אים פאַרגעסן
און האָט אים מיט אַ פולע האַנט
געוואָרפן שאָלעכין נאָכאַנאַנד.



# דער פוקס און די ווייַנטרויבן

(ЛИСИЦА И ВИНОГРАД).

אַ פוקסל גייט פאַרבײַ אַ גאָרטן
און ווייַנטרויבן דערזעט ער דאָרטן.
אים ווילט זאַך זייער גניסן
פון דעם געשמאַקן ביסן.
ער האָט אַנ׳אַפּעטיט אַ שטאַרקן,
נאָר ס׳איז צו-הויך דער פאַרקן.
ער קוקט אַהין, אַהער,
אַריינקריכן איז זייער שווער.
— עט — זאָגט ער — כ׳מיין,
די יאַגעדעס זיינען נור פון וויטן שיין.
עס קאָן זיי גאָר ניט עסן קיינער,
ווייל הייליג מאַכן זיי די ציינער...



# די וועווערקע
(БЕЛКА).

אַ וועווריקע איז אין אַ ראָד געזעסן,
פלעגט וויניק טרינקען, וויניק עסן,
ניט וויסן פון קיין שלאָף,
גערדרייט זאַך אָן אַ סאָף.
האָט קוים געזשאַוועט,
געווען פאַרהאַוועט.
— האַלט, וועווריקעלע, שטיי.
וואָס איילסטו זאַך אַזוי
און לויפסט אַרויף, אַראָפּ?
עס שווינדעלט, קוקנדיק אַף דיך, דער קאָפּ!
— ניטאָ קיין צייט...
איך מוז נאָך לויפן ווייט...
— יע, וועווריקע, דו פליסט — און פאָרט
אַלץ שטייסטו אַפן זעלבן אָרט.

# דער מילנער

(МЕЛЬНИК).

בּאַ גרוינימען אין מיל האָט זאַך אַ בּרעט צובּראָכן,
עס לויפן טעג און וואָכן,
דאָס וואַסער גייט אַוועק קסיידער,
עס דרייען זאַך שוין קוים די רעדער,
נאָר גרוינים לייגט ניט צו אַ האַנט,
אים אַרט עס, ווי די וואַנט.
עס שרייען אַלע: „גרוינים, זעט,
עס איז דערווייל נאָך ניט שפּעט,
ניט זייט בּאַ זאַך געגאַרט,
ניט וואַרט!“
נאָר גרוינים גלעט די בּאָרד
און רירט זאַך ניט פון אָרט.
און ס'קומט דער גוטער טאָג —
אַ קלאָג!
די רעדער שטייען,
זיי ווילן זאַך ניט דרייען,
דער טייך איז טרוקן,
אַנ'עלנד גאָר צו קוקן.
ער שטייט און קוקט אַ בּלייכער און אַ גרינער
און ער דערזעט, עס גייען זיינע הינער,
צום טייך אַ בּיסל וואַסער טרינקן...
„ווערט איינגעזונקן! —
שרייט גרוינים אויס — „ס'איז שוין ניטאָ אָן אייך
קיין וואַסער אינ'ם טייך,

און איך האָט דער שוואַרין יאָך געבראַכט צו שלעפּן
דאָס איבעריקע וואַסער אויסצושעפּן".
ער כאַפּט אַ שייטל האָלץ און וואַרפט מיט אַלע קויכעס
און „עפּנט" זיינע הינער אויף די מויכעס.
און גרוינים גייט אַהיים אַוועק,
ווי אַ בער אָן אַנ'עק,
נאָך בלייכער און נאָך גרינער:
אָן וואַסער און אָן הינער....



# דער לייב און די מויז

(ЛЕВ И МЫШЬ).

אַ גרויסהאַלטער צו זיין
איז גאָר ניט פיין...
— הערט, קינדער, אויס
אַ מייסע מיט אַ לייב און מיט אַ מויז.
צום לייב טוט זאַך אַ מייזל קניען, בוקן,
בויגט מיט אַ שרעק דעם רוקן
און זאָגט: „אַדוני־מלך,
אויב דו וועסט מיר ערלויבן, וועל איך
ניט ווייט פון דיר אַ נאָרקע מאַכן —
איך ווייס,
אַז דו ביסט שטאַרק און גרויס
און אויב כ'וועל נאָהענט נעבן דיר נור זיצן,
וועסטו מיך שוין באַשיצן.
אדני־מלך, ווייז דיין גנאָד צו מיר!
ווער ווייס, כ'וועל עפשער דיר
אַמאָל ווי ס'איז אָפדינען"...
— וואָס זאָגסטו?... ביסט אַראָפּ פון זינען?
דו גאָרנישט! וואָן פון מיינע אויגן!
מיין מייזל פליט, ווי פייל פון בויגן
אַוועק
פון שרעק
דער לייב האָט אָן די מייזל שוין פאַרגעסן.
אַ מאָל איז ער געגאַנגען זוכן עסן
און ניט געזען, אַז ס'ליגט אַ נעץ אַ גרויסער.

אַ שפּרונג געטאָן — און שוין אויס קייסער.
עֶר ברומט, ער שרייט — אַ שרעק,
פּאַכט מיטן עק,
די אויגן פול מיט בלוט,
ס'איז אים ניט גוט...
נאָר שטאַרק זיינען פון נעין די שטריק
זיי לאָזן ניט צוריק.
דער לייב (אָי וויי!) דערמאָנט זאַך אָן די מויז:
דורך איר וואָלט ער פון נעין אַרויס...
זי וואָלט דעם נעין צוגריזשעט מיט די ציינער,
און אָפּטראָגן וואָלט ער זאַך מיט די ביינער....

# דער אייזעל און דער סאָלאָוועי

(ОСЕЛ И СОЛОВЕЙ).

אַנ'איזל האָט דערזען אַ סאָלאָוויי
און מאַכט צו אים אַזוי:
„עסריידן צינגער,
אַז איר זייט פון די גרויסע זינגער,
דעריבער וואָלט איך וועלן
אַליין מיין מיינונג שטעלן...
זייט, פעטער, אַזוי גוט,
פאַסט מוט
און זינגט...
כ'וואָלט וועלן הערן, ווי עס קלינגט!"
מיין סאָלאָוויי לאָזט זאַך ניט בעטן לאַנג
און הויבט אָן זיין געזאַנג.
באווייזט דעם אייזל, וואָס ער קען:
אַ פייף — אַ ברען,
דערנאָך גאַנץ שטיל
צוזינגט ער זאַך מיט גרויס געפיל,
אַ קרעכץ, אַ דריי —
פון זיסקייט נעם כאָטש און צוגיי...
אַרום
איז שטום...
דער וועלדל הערט זאַך צו
און שאַ — ליגט אין זיין רוה
די פויגעלאַך
פאַרמאַכן די אויגעלאַך.

זיצן אַף די צווייגן
און שווייגן.
אַ פּאַסטוכל, וואָס איז ניט ווייט געזעסן,
האָט אָן זיין פּייפּעלע פאַרגעסן
און הערט
פאַרקלערט
און זיינע קיה און ציגן
הערן אויך מיט פאַרגעניגן
דעם שיינעם ניגן.
מיין סאָלאָוויטשיק ווערט אַנטשוויגן
דער אייזל נעמט זאָך קליגן
און זאָגט אַזוי:
„נישקאָשע, פּאַני סאָלאָוויי...
נאָר אייער קאָל
וואָלט זיין נאָך זיסער טויזנט מאָל
און זיין וואָלט איר נאָך מער געניט,
ווען איר וואָלט אָפּלערנען דעם שניט,
דעם שיינעם טאָן
פון אונזער האָן...
דערהערנדיק אַזאַ מין „זאָגן",
פליט אונזער סאָלאָוויי, וואוהין די אויגן טראָגן.

---

דער אויבערשטער זאָל קיינעם שוין ניט פּלאָגן
מיט אַ פאַרהערער אַף געזאַנג אַ מיוון,
„ווי אַ כאַזער אַף הייוון"...

# דער וואָלף און דער שעפּס

(ВОЛК И ЯГНЕНОК).

............

דער שוואַכער איז ביים שטאַרקן שטענדיק שולדיק!
הערט, קינדער, אויס געדולדיק
אַ מאָשל פון מיין רעבן —
איך וועל אייך וואָרט בּאַ וואָרט אים איבּערגעבּן.

---

אַ שעפּס, ס'ווייזט אויס, אַ גרויסן נאַשער,
האָט זאַך פאַרגלוסט אַ טרונק אַ קאַלטן וואַסער.
(עס איז געווען „ניין טעג" —
אַ היין — אַ שרעק).
ער לויפט צום טייך און טרינקט זאַך אָן,
ווי וויט ער קאָן...
נאָר באַלד
דערזעט ער, אַז עס גייט אַ וואָלף פון וואַלד...
דער וואָלף האָט אים דערזען
(גראָד איז ער הונגעריק געווען)
ער וויל דעם שעפּס צו רייסן,
מיט אים פאַרבּייסן.
נאָר ס'ווילט זאַך אים, אַז דאָס זאָל זיין
אי אָרנטלאַך אי פיין.
— דו שייגעץ איינער;
אַזוינער און אַזוינער!
דו גראָבּער יונג, דו נאַסער!
וואָס מאַכסטו שמוציק מיינע וואַסער?
כ'וועל אָפּן שטעל

אַראָפּרייסן פון דיר דיין פעל!"

-- רעב װעלװעלע! דער טײכל האַלט דאָך אין איין לויפן

און קען ניט װערן אומריין בײשום אײפן...

— בין איך אַ ליגנער? יע, נאָך פּאַראַיאָרן

(כ'האָב גאָט צו דאַנקן אַ זיקאָרן)

האָסטו מיך אַף דעם זעלבן אָרט

באַליידיקט מיט אַ גראָבן װאָרט...

דו האָסט געמיינט, כ'װעל ניט געדיינקן,

דיר שיינקען?

ניין, ברודער, װעסט בײַ מיר אויסקרײנקען.

— רעב װעלװעלע, װאָס רעדט איר? גװאַלד!

כ'בין נאָך קיין יאָר ניט אַלט.

— איז דאָס געװען דיין ברודער...

— איך האָב קיין ברידער ניט.

— איז דאָס געװען אַנ'אַנדער איד,

מיסטאָמע דיין מכותן,

כ'קען קיינעם ניט דערמאָנען איצט צו גוטן...

דו, דיינע ברידער, דיינע מכותאָנים —

די פּאַסטעכער, די הינט — איר זייט מיר אַלע סאָנאים.

איר מאַכט מיר שטענדיק שאָדן

און אין מיין בלוט װאָלט איר זאַך באָדן —

איך זע אַלץ און פאַרשטיי,

נאָר כ'װעל מיט דיר זאַך רעכענען פאַר זיי —

— רעב װעלװעלע, הערט אויס געדולדיק,

מיט װאָס בין איך דאָ שולדיק? —

— שװייג, שייגעץ! האָסט פאַרגעסן,

אַז איך װיל עסן?

געזאָגט — און באַלד

אַנטלויפט ער מיטן שעפּס אין װאַלד....

# דער כאַזער

(СВИНЬЯ).

---

אַ גראָבער כאַזער, אָן אַיינהאָרע,
איז אין אַ הויף פאַרקראָכן צו אַ סראָרע
און מיט זיין שנוק
געגראָבן זאַך אין בלאָטע דאָרט געננוג.
צוריק, ס'פאַרשטייט זאַך, איז דער פיינער גאַסט
געקומען אויסגעשמירט, ווי פאַר אַ כאַזער פאַסט.
— נו, האָבן אים געפרעגט זיינע כאַוויירים,
ס'פאַרשטייט זאַך, אויך כאַזיירים, —
ס'מוז באַ די פריצים זיין אי ציכטיק,
אי שיין, אי ליכטיק?
זיי, די גווירים, זאָגט מען האָבן האָלט
נור זילבער, דימענטן און גאָלד...
— עט, כ'שווער אייך — עס איז אַלין ליגן,
כ'האָב דאָרטן ניט געקאָנט גאָר קריגן
אַ שטיקל ריינעם אָרט —
איך זאָג אייך אַף מיין וואָרט,
אַז כ'האָב צוגראָבן דאָרטן אַליץ,
און אומעטום אַ בלאָטע ביזן האַלז.

---

# דער קוואַרטעט

(КВАРТЕТ).

אַ שטיפערקע, אַ מאַלפּע *),
ס'וויזט אויס, נאָך ניט קיין אַלטע,
אַנ'אייזל און אַ באָק
און אַ געזונטן בער האָט אין אַ שיינעם טאָג
פאַרגלוסט זאַך געבן אַ קאָנצערט.
זיי האָבן אויסגעזוכט פון אונטער דרערד
נאָטן,
ווי גאָט האָט געבאָטן:
אַ באַס, צוויי פידלאַך
און טאַקע באַלד גענומען שפּילן לידלאַך,
נאָר ס'איז אַ צאָרע!
ס'טויג דער קאָנצערט אַף אַ קאַפּאָרע.
— האַלט, בעוורע, האַלט! —
שרייט אונזער מאַלפּע מיט אַ גוואַלד
איך הער, אַז אונזער שפּילן, ברידער,
גייט קידער־ווידער,
גאָר ניט פיין.
מיר מוזן זעצן זאַך, ווי ס'דאַרף צו זיין.
דעב בערעלע, ס'איז קלאָר, פונקט, ווי דער טאָג,
אַז איר דאַרפט זעצן זאַך אַנטקעגן באָק.
און איך וועל אָן אַנ'איבעריק וואָרט
מיט מאַזל בייטן באַלד מיין אָרט,

*) אַנ'אָבעזיאַנע.

און דענסטמאָל, מיר שוין אַזאַ יאָר,
וואָס ס'וועט בּאַ אונז זיין פּאַר אַ כאָר.
עס וועלן אַלע קוועלן
און נאָז, און אויערן אָנשטעלן.
מען זעצט זאַך איבּער און מ'פּויקט מיט קויעך,
נאָר ס'האָט פּאָרט ניט קיין טאַאַם און ניט קיין רייעך.
— וואַרט, כּעוורע! — גיט נו זיי
דער אייזל אַ געשריי —
נו, דאַנקן גאָט!
איך ווייס שוין איצט דעם גאַנצן סאָד:
איר פּרובּט נור אין איין שורע זיצן,
וועט דעמאָלט דונערן און בּליצן!
אַ סאָף, אַנ'עק,
מען זעצט זאַך בּאַלד אַוועק...
מ'פּויקט, מ'האַקט,
מ'קנאַקט —
נאָר ניט קיין ניגן, ניט קיין טאַקט.
מ'הויבּט זאַך ווידער אָן צו קליגן
און קריגן,
מ'זעצט זאַך בּאַלד אַהין און בּאַלד אַהער,
נאָר דער קאָנצערט גייט אַלין צו שווער.
און מיט אַ מאָל דערזעהען זיי
אַ סאָלאָוויי.
— זע, גוטער בּרודער, זאָג,
וואָס איז מיט אונז דאָ פּאַר אַ קלאָג?
מיר האָבּן קלעזמער, נאָטן,
נאַר דער קאָנצערט איז ניט געראָטן...
מיר סטאַרן זאַך, מיר שוויצן...
גיבּ, בּרודער, אונז אַנ'אייצע,
ווי זאָלן מיר דאָ זיצן?
דער סאָלאָוויי

קוועצט מיטן פּלייצע
און מאַכט אַזוי:
— צו זיין אַ מוזיקאַנט,
באַדאַרף מען האָבן אַ טאַלאַנט
און זיין מיט נאָטן גוט באַקאַנט...
און האָבן
אַנ׳אויער ניט קיין גראָבן.
איר אָבער, זעצט זאַך וואו איר ווילט,
פון היינט ביז מאָרגן שפּילט —
זאָג איך אייך דאָ פּאָראויס,
אַז ס׳וועט קיין רעכטס פון אייער שפּילן ניט אַרויס!



# נייע ביכער

## אין דער אויסגאַבע פון אידישן קאָמיסאַריאַט זיינען ערשינען פאָלגענדע ביכער:

| | | פרייז ר. | ק. |
|---|---|---|---|
| מענדעלע מוכר ספרים | די קליאטשע | 3 | — |
| קולטור-פראגן | זאמלבוך | 3 | — |
| ז. גרינבערג | די ציוניסטן אויף דער אידישער גאס. | — | 40 |
| י. באוושאווער | געקליבענע לידער מיט אפאררוואָרט פון ש. אגורסקי | 1 | — |
| נ. בוכבינדער | די אקטיאבר רעוואלוציע און די אידישע ארבעטער מאסן | — | 15 |
| ק. מארקס | דער ארבעטס-לוין, דער פרייז און דער ריוח | 2 | — |
| ק. מארקס און פ. ענגעלס | וועגן קאמוניזם | 1 | 30 |
| נ. לענין | רעדעס אויפ'ן 3-טן צוזאַמענפאָר פון די ראטן | — | 50 |
| נ. לענין | אַ רעדע אויף דער פלענאַר זיצונג דעם 27 יוני מיט אַקורצער ביאָגראַפיע און בילד | 1 | — |
| ע. וואנדערוועלדע | סאָציאַליזם און קונסט | 2 | 50 |
| א. לונאטשארסקי | קאַרל מאַרקס | — | 40 |
| ש. זאקס | פּאָליטישע עקאָנאָמיע | 2 | 50 |
| ס. י. סוועטלאוו | די אויפגאַבן פון דער צוקונפט | 1 | — |
| וו. נעווסקי | וואָס לערנט אונז די רעוואָלוציע פון 1848 יאָר | — | 25 |
| וואלאדארסקי | אַ רעדע מיט אַקורצער ביאָגראַפיע און בילד | — | 60 |
| ווארלען | אַ רעדע פאַר אַ געריכט פון קאַפּיטאַליסטן | — | 30 |
| וואטין | וואָס איז אַ קאָמונע? | — | 50 |
| א. באגדאנאוו | צווישן דעם מענש און דער מאַשין | — | 50 |
| ק. ראדעק | די אַנאַרכיסטן און די ראַטן רוסלאַנד | — | 30 |
| ג. זינאוויעוו | נ. לענין | 2 | 50 |
| ל. טראצקי | אַרבעט, דיסציפּלין און אָרדנונג וועלן ראַטעווען די ראַטן רעגירונג | 1 | 50 |
| קארל קאוטסקי | קאַרל מאַרקס און זיין היסטאָרישע באַדייטונג | 3 | — |
| א. סטעפּאנאוו | זשאַן-פּאַל מאראט | 3 | 50 |
| פּ. לאנגמאן | בארטעל טוראזער אַ דראַמע אין 3 אַקטן | 10 | — |

מיט בעשטעלונגען זיך ווענדן:

**ПЕТРОГРАД, Театральная, 3.**